# באגריסונגען

איך באגריס אייך מיט דער ערעפענונג פון אייער טעאטער און ווינש אייך ערפאלג פון גאנצען הארצען.

אב. קאהאן.

ליבער פריינד ראלאנד:

אייער שמחה פון דעם חנוכת הבית פון דעם נייעם פרעכטיגען ראלאנד טעאטער איז די שמחה פון דער גאנצער אידישער געזעלשאפט בכלל און פון בראנזוויל בפרט. עס איז שוין לאנג צייט געווען, אז בראנזוויל, דער גרויסער אידישער ישוב, זאל האבען דעם מאדערנסטען אידישען קונסט טעמפעל, ווי עס פארדינט א אידישע באפעלקערונג פון אונבעשריען 300,000 נפשות.

איהר האט דערפילט די דאזיגע פאדערונג פאר בראנזוויל. עס איז ביי מיר קיין ספק נישט, אז בראנזוויל וועט וויסען ווי אפצושעצען אייער גרויסען אונטערנעמונגס גייסט און אייערע לייסטונגען פאר דער אידישער ביהנע.

איך וויל איהר זאלט עס ניט בעטראכטען פאר סתם א קאמפלימענט ווען איך זאג אייך, אז אין פארלויף פון מיין לאנגיעהריגע, פערזענליכע באקאנטשאפט מיט אייך האט איהר געוואונען מיין העכסטען רעספעקט פאר אייער איבערגעבענהייט צו דער אידישער ביהנע און פאר אייערע לייסטונגען פאר אידיש טעאטער. געהט פארווערטס און זייט מצליח. אייער הצלחה וועט זיין א געווינס פאר אידישע קולטור.

מיט הארציגען גרוס צו אייער ארטיסטען געזעלשאפט און צו אייער קאמפאניסט, פארבלייב איך,

אייער אויפריכטיגער,

יעקב פישמאן.

רעדאקטאר, „מארגען זשורנאל“.

געעהרטער מר. ראלאנד!

איך באגריס אייך פון פולען הארצען צו דער ערעפענונג פון אייער טעאטער. עס פרעהט מיך זעהר צו זעהן א פראכטפולע, מאדערנע טעאטער-געביידע אין בראנזוויל, וואו עס זיינען קאנצענטרירט אויסשליסליך גרויסע אידישע מאסען.

א שעהנע געביידע אליין האט א קולטורעלע באדייטונג פאר א אידישען ישוב.

איך ווינש אייך, אז דער אינהאלט, וואס איהר האט אריינגעגעבען אין דער געביידע זאל זיין אזוי שעהן און פעסט ווי די געביידע, עס זאל זיין הארמאניע צווישען גוף און נשמה.

צו אויפשטעלען אזא טעאטער-געביידע ספעציעל פאר אידיש טעאטער נויטיגט זיך מוטה און טיעפער גלויבען אין דער נויטיגקייט, ווינש איך אייך פונקט אזא מוטה און אזא גלויבען אויך בנוגע דעם אינהאלט, וואס דארף זיך באזעצען אין דער דאזיגער געביידע.

אייער,

דר. א. מוקדוני,

„מארגען זשורנאל“.

איך באגריס ה׳ וויליאם ראלאנד צו דער דערעפענונג פון דעם נייעם אידישען טעאטער אין ברוקלין, וואס וועט טראגען זיין נאמען. איך ווינש אייך און דער אידישער באפעלקערונג צו האבען א סך נחת פון אט דעם אינגסטען פון די אידישע טעאטערס.

א. גלאנץ.

דער „טאג“.

פריינד ראלאנד:

איך שיק מיין גליקוואונש און מיין גראטולאציאן צו אייער נייער טעאטער אונטערנעמונג. אין אייער גאנצער קאריערע איז דעם אידישען טעאטער האט איהר ארויסגעוויזען אן ערנסטע באציהונג צו דער דראמא און צו דער ביהנע. מאנכע פון די שעהנסטע זאכען וואס זיינען אין די לעצטע יאהרען אויפגעטאן געווארען אין דעם אידישען טעאטער, זיינען ענג פארבונדען מיט אייער נאמען.

איך בין זיכער, אז דער נייער קונסט טעמפעל, וואס איהר האט אויפגעבויט, וועט זיין א גרויסער געווינס פאר דעם בעסערען אידישען טעאטער.

זאל זיין מיט מזל.

מיט פריינדשאפט,

הלל ראגאף.

„פארווערטס“.

מיין טייערער פריינד ראלאנד:

איך גלויב קוים אויב עס איז נויטיג פאר מיר אייך צו פארזיכערען, אז איך וויל מיט'ן גאנצען הארצען, אז אייער נייער פראכטפולער טעאטער זאל זיין אן ערפאלג. דער עולם וואס געהט אין טעאטער (אדער וואס געהט ניט) האט ניט קיין באגריף וועגען די שוועריגקייטען וואס א טעאטער מענעדזשער דארף דורכמאכען היינטיגע צייטען. ווער רעדט נאך וועגען א מענעדזשער, וואס האט אליין אויפגעבויט דאס טעאטער און וואס האט איהם געמאכט מעגליך.

איך ווינש אייך ערפאלג און איך בין זיכער, אז אלע אייערע פריינט וועלען טאן אלעס אין דער וועלט, אז דער ערפאלג זאל זיין א דויערהאפטער און אמת'ער.

מיט בעסטען גרוס,

אייער,

ב. וולאדעק.

מענעדזשער „פארווערטס“.

ליבער פריינד וויליאם ראלאנד!

מיין הארציגער וואונש, אז אייער נייער טעאטער זאל זיין א כבוד פאר דער אידישער ביהנע און א גרויסער מאטעריעלער ערפאלג. איהר האט שטענדיג געשטרעבט צו געבען דעם אידישען טעאטער-עולם עפעס נייעס, פיינעס. איצט האט איהר א גוטע געלעגענהייט דיזע שטרעבונג אייערע צו פארווירקליכען.

לעאן גאטליעב.

„פארווערטס“.



מאד. פאולין ראלאנד



מיס בעטי ראלאנד

# די פרוי און טאכטער פון וויליאם ראלאנד

די געשעצטע פרוי און טאכטער פון וויליאם ראלאנד, וועלכע האבען מיט זייער דערמוטיגונג פיעל מיטגעהאלפען צו פארווירקליכען זיין שעהנעם טרוים, האבען א וויכטיגען טייל אין דעם נייעם מיליאן דאלאר ראלאנד טעאטער.

אין די שטונדען פון צווייפעל און אונענדליכע שטערונגען, האט זייער טרייסטענדיגווארט און הארציגער מיטגעפיהל אלע וואלקענס צוטריבען און אריינגעבראכט א זיסע האפנונג און טיפען גלויבען, אז „הזורעים בדמעה, ברינה יקצורו“.

מאדאם ראלאנד איז א פראמינענטע שוישפילערין, וועלכע שפיעלט אין אונזער קאמפאני אונטער דעם נאמען פאולין האפמאן.

די טאכטער, מיס בעטי ראלאנד, איז א טאלאנטירטע פיאניסטין, א דיפלאמירטע שילערין פון מאסטער אינסטיטוט אף מוזיקאל ארט און שפילט אין ארקעסער פון אונזער טעאטער.

אין אונזער יום-טוב שיינען זייערע נעמען מיט ליכטיגע בוכשטאבען.

מאַקס געביל

# דער רבי צו זיין „תּלמיד“

(אייניגע ערנסטע ווערטער צו וויליאַם ראָלאַנד)

ווען קוועלט דער רבי? — ווען זיין תלמיד קען בויערי, האָבען זיך זיינע פעהיגקייטען אַלס די תורה... שוין אין די ערשטע יאָהרען פון וויליאַם ראָלאַנד'ס קאַריערע, ווען ער האָט אָנגעהויבען אַלס קאַסירער און ביזנעס מענעדזשער אין מיין קליינעם געביל'ס טעאַטער (געוועזענער ליפּצין טעאַטער), אויף דער טעאַטער-אימפּרעסאַריאָ בולט אַרויסגעוויזען.

וויליאַם ראָלאַנד איז פאַר אַלעס אַ מענש מיט אַן אָפען אויג, מיט אַ וועלטליכען בליק און דאַריבער האָט ער ביי מיר שטאַרק נושא חן געווען אין אַלע הינזיכטען.

ראָלאַנד איז אַ גוטער תלמיד, ער האָט פּונקט ווי איך איינגעזעהן, אַז כדי צו האָבען ערפאָלג אין דער טעאַטער-פּראָפעסיע, מוז מען געבען דעם עולם זיין „מאָני'ס וואָירטה“.

איך האָב פון דערווייטענס געקוועלט און צוגעזעהן, ווי מיין תלמיד, וויליאַם ראָלאַנד, געהט מיר נאָך ווי אַ שאָטען, אַז ער געהט אין מיינע דרכים און דאַריבער מאַכט ער אַזאַ ערפאָלג אין זיינע טעאַטער-אונטערנעמונגען.

ראָלאַנד ווייסט, אַז מענשען מוזען אַמאָל מאַכען אַ טעות, און בלויז מענשען וואָס באַזיצען אינטעליגענץ פאַרשטעהען, אַז דער מענש, „שטרעבט און גרייכט אַזוי לאַנג ווי ער לעבט“ און אויך ער האָט געזוכט „לאַנד“... ביז ענדליך האָט ער אויסגעבויט אַזאַ שעהן און אַזאַ מאָדערן טעאַטער, וואָס דאַרף זיין אַ שטאָלץ פאַר די אידען פון ברוקלין בפרט און פאַר די אידען פון ניו יאָרק בכלל.

נאָר גרויסע אונטערנעמונגען, ווייסט ראָלאַנד, האָבען אַן ערפאָלג, און ער ווייסט, אַז עס איז בעסער צו פאַרלירען אין קאַמף מיט לייבען, ווי צו געווינען מיט קעץ. ער איז אַ בראַווער און מוטיגער מענש און אויב ער וועט פאָרטזעצען מיין „פּאָליסי“ פון געבען דעם עולם דאָס בעסטע און שענסטע, וועט זיין ניי טעאַטער זיין אַ ריעזיגער ערפאָלג. ער האָט געמאַכט אַ געוואַגטען שריט, און די גאַנצע טעאַטער-פּראָפעסיע איז איהם מקנא, נאָר איך, זיין „רבי“, קוועל אָן און ווינש איהם גליק.

פאַר מיר איז ניט קיין וואונדער, וואָס וויליאַם ראָלאַנד האָט זיך אַזוי דערהויבען, ווייל איך ווייס, אַז ער האָט אַ ריעזיגען אונטערנעמונגס-גייסט.

די אידען פון בראָנזוויל, פון ברוקלין און דער גאַנצער אומגעגענד דאַרפען ראָלאַנד'ן האַרציג באַגריסען און זיי דאַרפען איהם שטאַרקען זיינע הענט אין זיין אונטערנעמונג. אַזאַ טעאַטער קען מיט רעכט אָנגערופען ווערען אַ קונסט-טעמפּעל און צו דער ערעפענונג פון דעם ראָלאַנד טעאַטער שיק איך איהם מיין האַרציגסטען גליקוואונש.

איך ווינש מיין „תלמיד“ גליק און סוקסעס צו דער גרויסער אונטערנעמונג און פאַרפליכט זיך איהם צו העלפען מיט ראַטה און טהאַט אויב ער וועט פאָרטזעצען מיין „תורה“, צו געבען דעם עולם זיין געלד'ס ווערטה, אויב ער וועט געבען דעם עולם וואָס ער וויל.

ראָלאַנד ווייסט, אַז אַ טעאַטער איז ניט קיין ביבליאָטעק, ניט קיין אוניווערזיטעט, אַז דער עולם קומט זיך אין טעאַטער אַמוזירען און נאָר אויף דעם אופן קען ער האָפען און ערוואַרטען צו מאַכען זיין גרויסע אונטערנעמונג פאַר אַן ערפאָלג. ער האָט אַנגאַזשירט גוטע שוישפּילער, און איך האָף אַז ער וועט צופּאַסען דעם געווינשטען רעפּערטואַר.

פאַר מיר איז עס אַ פאַרגעניגען צו שיקען ראָלאַנד'ן מיין ברכה און ווינשען איהם צו שטייגען וואָס העכער און איינוואָרצלען דאָס אידישע טעאַטער אין בראָנזוויל.

# באַגריסונג פון מיכאל מיכאַלעסקאַ

זייער טייערער חבר וויליאַם ראָלאַנד:

צו גרויס איז מיין וואונש, צו טיעף איז מיין באַגייסטערונג, און עס פעהלט ווירקליך שפּראַך פאַר די נשמה-געפיהלען פאַר דער הייליגער שטימונג אין וועלכער איך געפין זיך היינט - - היינט, ווען עס איז פאַרווירקליכט געוואָרען דער שעהנער חלום פון מיין האַרציגען חבר וויליאַם ראָלאַנד.

איך קען זאָגען, אַז איך, און נאָר איך ווייס וויפיעל מיה, ענערגיע און אונענדליכע אנשטרענגונג עס האָט דיך געקאָסט, אָט דעם שעהנעם חלום דיינעם צו פאַרווירקליכען...

איך האָב ניט דעם מינדסטען צווייפעל, אַז דיין טעאַטער, וואָס ערעפענט זיך היינט פאַר דעם פּובליקום, וועט געשעצט ווערען פון אַלע ליבהאָבער פון דעם בעסערען אידיש טעאַטער, ווייל דיין אינטעליגענטער באַגריף וועגען אידישע טעאַטער, איז צו שפּילען פאַר'ן פּובליקום דאָס גרעסטע און בעסטע פון דער ביהנע, און הויפּטזעכליך פּיעסען פון אידישען לעבען, וואו עס זאָל זיך אָפּשפּיגלען די ליידען און פריידען פון דעם אידען, פּיעסען וועלכע זאָל רעדען צו די הערצער פון אידישען צושויער, ערקוויקען זיין אויער מיט זיסע, אידישע מוזיק. אַזאַ טעאַטער מוז און וועט זיין אַן ערפאָלג.

איך, וועלכער האָט געהאַט דעם כבוד צו שפּילען פאַר דיר מעהר פון צוויי סעזאָנען, בין צו דיר ברודערליך צוגעבונדען געוואָרען, פאַר דיין אָרענטליכקייט, פּינקטליכקייט און שעהנע שטרעבונגען. איך פיהל זיך אויך איצט מעהר שטאָלץ ווי תמיד, וואָס איך האָב דעם גרויסען פאַרגעניגען צו ערעפענען דיין נייע טעאַטער אין אַ גוטער שעה. איך פאַרזיכער דיר, אַז איך וועל, ווי שטענדיג, לייסטען מיינע בעסטע כוחות צו פיהרען דיין טעאַטער אין דער נאָבעלער ריכטונג, פאַר וועלכען צוועק דו האָסט דיין טעאַטער געבויט. מזל טוב דיר, מיט דיין חנוכת הבית!

דיין ערגעבענסטער פריינד און חבר,

מיכאַל מיכאַלעסקאָ.

בראַכט די בעסטע אידישע טרופּע, רייכע אויפפיהרונגען און, דער עיקר, אַן עהרענהאַפטע באַציהונג צום עולם. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז די אַלע ביז־איצטיגע טעאַטער־פאַרזוכען זיינען אין בראָנזוויל נישט געלונגען דערפאַר, וואָס די אונטערנעמערס האָבען זיך באַנוצט צום עולם מיט גרינגשעצונג. מען האָט איהם געגעבען אויפפיהרונגען וואָס אַפילו אין פאַרוואָרפענסטען שטעטעל פון דער פּראָווינץ וואָלטען זיי געווען אַ חרפּה. דער בראָנזווילער עולם האָט דערפאַר נישט געוואָלט געהן אין זיין אייגענעם טעאַטער.

און געזעהן האָב איך אַז ווען איך האָב אַוועקגעשטעלט מיט מיכאַלעסקאָ'ן און אַנדערע אמת'ע אידישע אַקטיאָרען אַן אָפּערעטאַ, מיט שעהנע דעקאָראַציעס, ליכט־אַפעקטען, גוטען כאָר און פיינע טענץ, איז דער בראָנזווילער עולם געקומען, און דער „ראָן“ פון מיינער אַן אָפּערעטאַ האָט זיך געקענט פאַרגלייכען מיט סעקאָנד עוועניו. הייסט עס, אַז מיין צוטרוי צו בראָנזוויל איז נישט געבויט אויפ'ן זאַמד, אַז איך האָב אַלע אורזאַכען צו גלויבען אין מיין בראָנזוויל, בפרט נאָך ווען איך וועל אויפבויען אַ טעאַטער וואָס איז דאָס מאָדערנסטע און בראָדוויי דאַרף פאַר דעם נישט שטאָלצירען.

אין די אַלטע בראָנזווילער טעאַטערס האָב איך זיך נישט געקענט צעפיהרען די הענט ווי איך האָב געוואָלט. איך בין געווען געפּענטעט אויף דער ביהנע און מיט די אַלטע איינריכטונגען אין טעאַטער. דער געשמאַק פון עולם, ווייס איך, האָט זיך אויסגעפיינערט און ער וויל איצטער נישט נאָר רייכערע אויפפיהרונגען, נישט נור קיין בעסער טעאַטער אין זין פון שפּילען, נאָר אויך אַ שעהנערען בנין. דער עולם וויל הנאה האָבען נישט בלויז פון די אַקטיאָרען, די סצענעס, דער פּיעסע און אַלצדינג וואָס אויף דער ביהנע, נאָר אויך פון דעם פּלאַץ, אויף וועלכען ער זיצט, פון דער אומגעבונג אין טעאַטער, פון די קאָרידאָרען, די לאָבים, די קאַמפאָרט־פּלעצער א. אז. וו.

אויף מיין אייגענעם באַשיידענעם וועג בין איך אַ פּיאָנער, און איך האָב געוואָלט אויסטרעטען פאַר זיך אַליין אַן אייגענעם וועג. איך ווייס, אַז אַ ניי אידיש טעאַטער, דאָס טעאַטער מיט די מאָדערנסטע איינריכטונגען, וואוהין עס זאָל זיין אַ פאַרגעניגען אַריינצוקומען, וועט אויפגענומען ווערען פון בראָנזווילער עולם מיט פרייד און איך האָב דערפאַר אָנגעווענדעט די גרעסטע מאָס ענערגיע, אַז אַזאַ טעאַטער זאָל אויפגעבויט ווערען. דאָ וויל איך באַמערקען, אַז עס איז מיר גאָר ניט אַזוי גרינג אָנגעקומען אויפצושטעלען דאָס טעאַטער ווי עס איז, אָבער איך האָף, אַז מיין מיה וועט אָפּגעשאַצט ווערען פון די בראָנזווילער אידען און זיי וועלען אויסהאַלטען דאָס טעאַטער און העלפען וואַקסען און זיך אַנטוויקלען.

דרך אגב איז וויכטיג צו וויסען, אַז מיין טעאַטער וועט זיין דאָס איינציגע מאָדערנע אידישע טעאַטער אין גאַנץ ברוקלין. עס שטעהט אין צענטער און עס איז לייכט אַהין צו צוקומען פון ברוקלין און איסט ניו יאָרק, שוין אָפּגערעדט פון אַלע ווינקעלאַך אין בראָנזוויל. עס זיינען איצט דאָ די נייע סאָבוועיס, וואָס ברענגען צו דער מיר ממש פון נייעם טעאַטער. איך גלויב, אַז דאָס נייע טעאַטער וועט ווערען די צוציהונגס־קראַפט פאַר אַלע ברוקלינער אידען, וועלכע ווילען זעהן גוט אידיש טעאַטער.

דאָס וויל איך אויסזאָגען אַ סוד: ווען איך האָב געהאַלטען אין סאַמע מיטען פון דער אַרבייט, איז מען געקומען צו מיר מיט פאָרשלאַגען איבערצוגעבען דעם בנין אין אַנדערע הענט. מען האָט מיר אָנגעבאָטען שעהן געלט איך זאָל פאַרקויפען דאָס טעאַטער פאַר אַן ענגליש טעאַטער, אָבער איך האָב זיך אָפּגעזאָגט, ווייל פאַר מיר איז מיין אַמביציע אַוועקצושטעלען אין בראָנזוויל אַ אידיש טעאַטער, וואָס זאָל זיין אַ מוסטער פאַר אַלע אַנדערע טעאַטערס, אַפילו אין ניו יאָרק, ווערט אַ סך מעהר ווי געלט.

דאָס נייע טעאַטער איז פאַרטיג. איך גיב איצט איבער דעם בראָנזווילער טעאַטער־געהענדען עולם. אַ שעהן טעאַטער, יעדער איינער וועט זיך אין דעם איבערצייגען ווען ער וועט עס זעהן. מיין האָפנונג איז, אַז דער עולם וועט זיך צונויפלעבען מיט'ן טעאַטער, וועט עס באַטראַכטען פאַר אייגענס און וועט דאָרט אויפלעבען זיין פאַרלאַנג פאַר טעאַטער בכלל און פאַר אידיש טעאַטער בפרט. דערצעהלען די מעלות פונ'ם טעאַטער איז איבעריג און דערצו אוממעגליך. מען דאַרף עס אַליין זעהן און אָפּשעצען. עס וועט זיין גענוג צו זאָגען, אַז עס האָט 1630 זיץ־פּלעצער און דאָך נישט קיין גאַלערי. עס איז דאָ בלויז אַן אָרקעסטער און באַלקאָני. פון יעדען ווינקעלע קען מען זעהן און הערען, ווי מען וואָלט געזעסען ביי דער ביהנע. די דעקאָרירונגען, דער לוקסוס פון די ווענט און אַלע אַנדערע איינריכטונגען זיינען צום באַוואונדערען.

איך גלויב, אַז איך האָב, אויף וויפיעל עס איז מעגליך געווען אין אַ קורצען אַרטיקעל, קלאָר געמאַכט מיין שטעלונג. איך האָב געפּרואווט צו ענטפערען אויף דער פראַגע: צו וואָס אַ ניי אידיש טעאַטער אין בראָנזוויל? אָבער נאָך קלאָרער וועט די פראַגע ווערען ווען דאָס טעאַטער וועט זיך מיט מזל עפענען און דער עולם וועט זעהן די רייכע אויפפיהרונג, דעם גרויסען פאַרנעהם און דאָס וואונדערבאַרע שפּילען פון דער גאַנצער טרופּע מיט מיכאַל מיכאַלעסקאָ'ן בראש.

און איצט ווינש איך זיך און דער בראָנזווילער אידישער באַפעלקערונג מיר זאָלען זיך עלטערען אין כבוד און מיר זאָלען היימישע מענשען צווישען זיך ווערען. איך, פון מיין זייט, וועל אָנווענדען אַלע מעגליכקייטען דורכצופיהרען מיין פּראָגראַם, וואָס איך האָב זיך אָנגעצייכענט. זאָל בראָנזוויל, די אידישסטע שטאָט אויף דער וועלט, מיר העלפען.

וויליאַם ראָלאַנד

# צו וואָס א ניי אידיש טעאַטער אין בראָנזוויל?

דאַכט זיך, אַז עס האָט קיינעם גאָרניט געדאַרפט איינפאַלען צו פרעגען די דאָזיגע פראַגע. ס'איז דאָך פשוט: בראָנזוויל איז אַ ריעזיגע אידישע שטאָט, קומט איהר אַ אידיש טעאַטער, וואָס זאָל זיין געבויט לויט אַלע כללים פון דער לעצטער טעאַטער-טעכניק.

אָבער מען האָט מיך געפרעגט און מען וועט מיך מסתמא נאָך פרעגען: „צו וואָס אַ ניי אידיש טעאַטער אין בראָנזוויל?

דאָס וואָס מיר דאַכט זיך אויס צו זיין אַזוי איינפאַך און קלאָר, איז ביים ברייטען עולם בכלל ניט קלאָר, און מען דאַרף איהם ערשט דערקלערען פון אלף בית אָן. און דערביי וועל איך אייך אויסזאָגען אַ סוד, אַז נישט נור דער ברייטער עולם, נאָר אַפילו די טעאַטער-מענשען, וועלכע האַלטען זיך פאַר גרויסע קענער און ווייסער, אפילו זיי האָבען מיך באַוואָרפען מיט פראַגען וואָס זייער גאַנצער זין איז געווען: וואָס קריכט איהר מיט אַ געזונטען קאָפּ אין אַ קראַנק בעט אַריין? ווער דאַרף היינטיגע צייטען נייע אידישע טעאַטערס? אַז איהר זענט יאָ אַזאַ חכם, לאָמיר נאָר זעהן איהר זאָלט פאַרזאָרגען די אַלטע אידישע טעאַטערס מיט אַ ביסעלע „פּראָספּעריטי“.

די אַלע טענות זענען דאַכט זיך גאַנץ גערעכט, ווען מען טראַכט זיך נישט אַריין אין זיי אַ ביסעל טיפער. נעמט מען אָבער זיי אַנאַליזירען, צעפּאַלען זיי זיך ווי שפּינוועבס. דער צוועק פון מיין איצטיגען אַרטיקעל איז טאַקע צו אַנאַליזירען אָט די אַלע טענות און פּרובירען אויף זיי צו ענטפערען.

איך מיין בשום אופן נישט צו זאָגען, אַז איך בין גראָדע דער גערעכטער, ווייל נאָך אַלעמען האָט זיך יעדער איינער זיין אייגענע גערעכטיגקייט. איך וויל אָבער קלאָר מאַכען מיין שטאַנדפּונקט, כדי דער עולם זאָל איין פאַר אַלע מאָל וויסען פאַרוואָס איך האָב אונטערגענומען אַזאַ ריעזיגע אַרבייט פון בויען אַ אידיש טעאַטער אין בראָנזוויל.

אמת, דאָס אידישע טעאַטער האָט די לעצטע צוויי סעזאָנען איבערגעלעבט אַ שטילען קריזיס. עס איז נאָך נישט געקומען צו אַזאַ צושטאַנד, אַז מען זאָל דאַרפען קלאַפּען טרעוואָגע, אָבער פאַרטראַכטען זיך וועגען צושטאַנד פון אונזער ביהנע איז נויטיג.

וואָלט דאָך דאָס געדאַרפט מיך צוריקהאַלטען פון בויען אַ ניי טעאַטער. מיין איך אָבער, אַז נישט די אידישע מאַסען זיינען אינגאַנצען שולדיג אינ'ם שטילשטאַנד פון אידישען טעאַטער, נאָר עס זיינען פאַראַן אַ סך אַנדערע אורזאַכען. נישט דאָ איז אָבער דער פּלאַץ צו רעדען וועגען זאַכען וואָס טויגען נישט, איך וויל אָבער בעסער רעדען וועגען זאַכען וואָס האָבען אַ פּאָזיטיווע באַדייטונג. צו וואָס אָנווייזען יענעמ'ס חסרונות? בעסער אַוועקצושטעלען אַ טעאַטער, וואָס זאָל רעדען פאַר זיך אַליין, וואָס זאָל אַליין זיין אַן ענטפער אויף די אַלע חסרונות פון די אַנדערע טעאַטערס. איין זאַך וויל איך אָבער ווידערהאָלען: נישט דער אידישער טעאַטער-געהענגיגער עולם איז אינגאַנצען שולדיג אין דעם וואָס דאָס אידישע טעאַטער האָט אין די לעצטע צוויי סעזאָנען נישט געבראַכט קיין „פּראָספּעריטי“.

נאָכדעם ווי איך האָב זיך גוט צוגעקוקט צום צושטאַנד פון אידישען טעאַטער איצט, האָב איך איינגעזעהן, אַז עס איז פאָרט דאָ אַ מעגליכקייט אַוועקצושטעלען אַ ניי אידיש טעאַטער מיט גרויסע אויסזיכטען אויף ערפאָלג. איך האָב אויסגעקליבען פאַר מיין טעריטאָריע בראָנזוויל צוליעב עטלאַכע אורזאַכען, וועלכע איך וועל דאָ באַלד קלאָר מאַכען.

בראָנזוויל איז די יונגע אידישע שטאָט, וועלכע האַלט אין וואַקסען. נעהמען מיר די געשיכטע פון בראָנזוויל פאַר די לעצטע צוויי-דריי צעהנדליג יאָהר, וויקעלט זיך פאַר אונז פונאַנדער אַ וואונדערבאַרעס בילד פון אַ שטאָט, וואָס מיט יעדען יאָהר דערהייבט זי זיך אַלץ העכער, ווערט זי אַלץ קרעפטיגער, באַפעסטיגט זיך און הייבט אָן צו פאַרנעהמען וואָס ווייטער אַלץ אַ וויכטיגערען פּלאַץ אין גרויס ניו יאָרק. די געשיכטע פון בראָנזוויל איז די געשיכטע פון די אידען אין בראָנזוויל. מיט אידישער מיה, מיט אידישע פעהיגקייטען, איך וואָלט אַפילו געזאָגט מיט אידישער גאונות, איז בראָנזוויל אויפגעבויט געוואָרען. כמעט אין אַ וויסטעניש זיינען אידען געקומען מיט פערציג יאָהר צוריק און האָבען אויפגעשטעלט זייערע געצעלטען, ווי אַמאָל אין דער מדבר. אידישע ענערגיע, וועלכע האָט דאָ געפונען פרייע מעגלאַכקייטען פאַר זיך, האָט אַריינגעהויכט לעבען אין דער וויסטעניש, און איידער מען האָט זיך אַרומגעקוקט, איז שוין געווען בראָנזוויל.

אויב בראָנזוויל האָט אידישע הייזער און אַ ריעזיגע אידישע באַפעלקערונג, איז דאָך קלאָר אַז זי דאַרף האָבען אויך אַן אייגען אידיש לעבען. עס שטעלט זיך דאָך ביי יעדען די פראַגע: פאַרוואָס זאָל די דאָזיגע גרויסע אידישע שטאָדט זיך דאַרפען פאַרלאָזען מיט איהרע קולטור-אינסטיטוציעס אויף מאַנהעטען? און דער ענטפער איז אַ פשוט'ער: זי דאַרף זיך טאַקע נישט פאַרלאָזען. די צרה איז נאָר געווען דאָס ביז איצטער האָבען זיך נישט געפונען קיין אונטערנעמער, וואָס זאָלען געווען שאַפען אָט די אינסטיטוציעס. מען האָט, ווייזט אויס, נישט געהאַט קיין צוטרוי צו די בראָנזווילער אידען. מען האָט ניט געגלויבט, אַז מען קען זיך אויף זיי פאַרלאָזען אויסצוהאַלטען אונטערנעהמונגען פון אַ גרעסערען פאַרנעם. האָבען מיר אָבער געזעהן, אַז אין בראָנזוויל האָט זיך דער אידישער מסחר געוואַלדיג אַנטוויקעלט, אַלצדינג האָט איהר אין בראָנזוויל, און, פאַר אַ בראָנזווילער איינוואוינער איז נישט נויטיג צו פאָהרען קיין ניו יאָרק צו קויפען מציאות, ווייל ער קען זיי קריגען ביי זיך, אין בראָנזוויל. האָט אָבער אַ בראָנזווילער איד געוואָלט זעהן גוט אידיש טעאַטער, האָט ער געמוזט פאָהרען קיין ניו יאָרק.

איך האָב גראָד צוטרוי צו די בראָנזווילער אידען. איך גלויב אין זיי און דערפאַר האָב איך זיך אונטערגענומען צו בויען פאַר זיי אַ אידיש טעאַטער. מיין צוטרוי צו בראָנזוויל האָב איך גענומען פון מיינע ערפאַהרונגען, וואָס איך האָב מיט איהר געהאַט. איך מעג זאָגען, אַז איך בין געווען דער ערשטער אַריינצוברענגען אין בראָנזוויל גוט אידיש טעאַטער. בראָנזווילער אידען ווייסען, אַז ביז איך בין נישט געקומען אין ליבערטי טעאַטער, האָט מען דאָרטען געשפּילט דריט-קלאַסיג אידיש טעאַטער. איך האָב גע-

דר. י. קריטיקוס

# שלום סעקונדאַ

צווישען די אידישע קאָמפּאָזיטאָרס איז שלום סעקונדאַ אפשר דער אינגסטער, אָבער זיינע אָפּערעטעס פאַרנעמען שוין דעם אויבען-אָן אויף אונזער ביהנע. ער איז די יונגע שאַפענדע מוזיקאַלישע קראַפט אויף אונזער ביהנע. ער האָט אַריינגעבראַכט אין דער אידישער אָפּערעטע אייגענאַרטיגע טענער און שפּילעוודיגקייט. ער האָט קאָמבינירט די עכט אידישע נגינה מיט אַלוועלטליכע מאָטיוועו און דערפון איז אַרויסגעקומען די אידישע אָפּערעטע מיט'ן ברייטען אייראָפּעאישען פאַרנעם.

שלום סעקונדאַ האָט מיט זיינע ערשטע מוזיקאַלישע שאַפונגען זיך איינגעקויפט אין די הערצער פון די אידישע טעאַטער-געהער. אַ באַזונדערער מין חן רוהט אויף זיינע מעלאָדיען; זיי רעדען צום האַרץ פ׳ון די צוהערער, וועקען זיין פאַנטאַזיע, ווירקען אויף זיין געמיט און טראָגען איהם איבער אין אַן אַנדער וועלט.

מיר ווילען דאָ נישט רעדען וועגען שלום סעקונדאַ אַלס פאַכמאַן, נאָר ווי איינער פון עולם, וואָס זיינע אָפּערעטעס האָבען איהם „ווענומען" און ער איז געוואָרען זיינער אַ חסיד.

אָבער נישט בלויז אַלס פאַרפאַסער פון מוזיק שטעהט שלום סעקונדאַ אין דער ערשטער ריי צווישען די אידישע קאָמפּאָזיטאָרס, נאָר אויך אַלס דיריגענט. ער באַזיצט אַ מערקווירדיגען אינערליכען כח צו באַהערשען דעם אָרקעסטער, צו בייגען איהם וואוהין זיין שטעקעלע וויל און אַזוי אַרום אַרויסברייגגען די דינסטע נואַנסען פון דער מוזיק. ווען מען זעהט סעקונדאַ'ן דיריגירען דעם אָרקעסטער, פיהלט מען אַז ער איז דער אַבסאָלוטער הערשער, אַז דער קלענסטער טאָן ווערט פון איהם קאָנטראָלירט, און דאָס איז אַ גרויסע דערגרייכונג אין דער אָפּערעטע.

עס איז אינטערעסאַנט צו באַקענען זיך מיט שלום סעקונדאַ'ס לעבענס-געשיכטע, ווייל זי איז פאַרביג און גיט אַ שליסעל צו זיינע שאַפונגען.

שלום סעקונדאַ איז געבוירען געוואָרען אין יאָהר 1894 אין אַלעקסאַנדריאַ, כערסאָנער גובערניע. זיינע עלטערען זיינען געווען פרומע, אַלטמאָדישע אידען און, פאַרשטעהט זיך, אַז זיי האָבען זייער שלום'קען דערצויגען אין שטריינגער אידישקייט. ווען שלום איז אַלט געווען צוויי יאָהר, האָבען זיינע עלטערען זיך איבערגעצויגען קיין ניקאָלאַיעוו, אַ גרויסע פאַבריק-שטאָט אויפ'ן שוואַרצען ים. דאָ האָט שלום זיך דערצויגען און דאָ האָט ער אַלס קינד אָנגעהויבען אַרויסצווייזען זיינע אויסערגעוועהנליכע מוזיקאַלישע פעהיגקייטען. צו אַכט יאָהר האָט ער אָנגעהויבען צו זינגען ביי אַ חזן, און דאָס קליינע משורר'ל האָט פאַר'שם'ט אַלס וואונדערקינד אין ניקאָלאַיעוו און די אַרומיגע שטעט און שטעדטלאַך. חזנים האָבען זיך איבער איהם געריסען און דער עולם האָט זיך געקוויקט מיט איהם. צו צעהן יאָהר איז ער שוין אַליין געווען אַ חזן און איז אַרומגעפאָהרען דאַווענען שבתים. און, אַז דאָס חזנ'דעל איז געקומען אויף אַ שבת אין אַ שטעדטעל, איז דאָרטען געווען אַן איבערקעהרעניש, אַלט און יונג איז איהם געגאַנגען הערען און געהאַט גרויס נחת רוח פון איהם.

צו 12 יאָהר האָט שוין זיין נאָמען גע'שם'ט אויף גובערניעס און, אַז דער באַרימטער חזן ר' משה בער האָט איהם אַמאָל געהערט, האָט ער איהם באַלד צוגענומען פאַר דער יעקאַטערינאָסלאַווער כאָר־שול, וואו ער האָט איהם צוגעטיילט דעם כבוד צו זינגען סאָלאָס בעת די תפילות. דאָס וואונדערקינד איז אויך אויפגעטראָטען אויף קאָנצערטען, וואו ער איז אויפגענומען געוואָרען מיט גרויס באַגייסטערונג.

אין 1908 האָט די גאַנצע פאַמיליע סעקונדאַ אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקאַ, און מיט אַלע איז אויך געווען דער יונגער שלום. דאָ האָט ער אויך געדאַוועט שבתים און אויפגעטראָטען אויף קאָנצערטען. ער האָט געדאַווענט ימים נוראים אין טאַליאַ טעאַטער און האָט שטאַרק אויסגענומען. זיין קאַריערע האָט אָבער גענומען אַן אַנדער ווענדונג ווען ער האָט צו 15 יאָהר פאַרלוירען זיין שטימע. דאַמאָלסט האָט ער זיך פאַרנומען אויפ'ן וועג וואָס איז געווען פאַר איהם אָנגעצייכענט. ער איז אָנגעקומען אין מוזיקאַל סעטעלמענט אויף דער דריטער סטריט און סעקאָנד עוועניו, וואו ער האָט זיך פלייסיג גענומען שטודירען מוזיק. אין 1914 איז ער אַריין אין אינסטיטוט אָוו מוזיקאַל אַרטס, ביי דר. פרענק דאַמראָש, און אין 1918 האָט ער דעם אינסטיטוט געענדיגט מיט אויסצייכנונגען.

אין יענער צייט האָט זיך אויך אָנגעהויבען סעקונדאַ'ס פאַרבינדונג מיט'ן אידישען טעאַטער. ער איז געווען אין כאָר ביי געביל'ן און דערנאָך אויך כאָר דיריגענט פונ'ם קאָמעדי-טעאַטער. ווען געביל האָט געעפענט זיין ליפּצין טעאַטער אויף דער בויערי, איז שוין סעקונדאַ געווען אַ פולשטענדיגער טעאַטער-מוזיקער און געקראָגען האָט ער... 10 דאָלער אַ וואָך. דאָס איז אָבער געווען דער אָנהויב, וויכטיג איז געווען וואָס אַזאַ יונגען מענשען האָט מען איבערגעגעבען די פאַראַנטוואָרטליכקייט פון דער מוזיק אין אַ טעאַטער.

אַזוי האָט סעקונדאַ געשפּיעלט און דיריגירט אין פאַרשיידענע טעאַטערס ביז וויליאַם ראָלאַנד, דער איצטיגער בויער פונ'ם גרויסען ראָלאַנד טעאַטער, האָט גענומען אין 1921 דאָס בראָנזווילער ליבערטי טעאַטער. ראָלאַנד האָט געבראַכט פון אייראָפּאַ קלאַראַ יאָנג און סעקונדאַ'ן האָט ער אַנגאַזשירט אַלס דיריגענט און קאָמפּאָזיטאָר. סעקונדאַ האָט די ערשטע גרויסע מעגליכקייט געקראָגען אין ליבערטי טעאַטער. ער האָט אָנגעשריבען זיין ערשטע פולשטענדיגע אָפּערעטע „דזשייקעלע בלאָפער", וועלכע האָט געהאַט אַ ריעזיגען ערפאָלג און האָט באַלד אַוועקגעשטעלט סעקונדאַ'ס נאָמען צווישען די וויכטיגסטע קאָמפּאָזיטאָרס פון דער אידישער ביהנע.

אין ליבערטי טעאַטער האָט מען אויך געשפּילט זיינע אָפּערעטעס „בערעלע טרעמפּ", „אַ כלה אָהן אַ חתן". דערנאָך איז ער איבערגעגאַנגען אין פילאַדעלפיער אַרטש סטריט טעאַטער, וואו ער האָט פאַרפאַסט די אָפּערעטעס „אונזער תורה'לע", „די אידישע שיקסע", „אידישע זינגער", „נאַכט פון ליבע", „יאַנקעלע קאַרמאַנשטשיק". צוריקגעקומען קיין ניו יאָרק שוין מיט אַ גרויסען נאָמען, האָט סעקונדאַ דאָ געשאַפען „מאַשקאַ", „מאַרגאַריטאַ", „זיין אידיש מיידעל", „ווען ליעבע רופט", און איצט האָט ער אָנגעשריבען זיין בעסטע אָפּערעטע„ דאָס ליעד פון ליעבע", וועלכע וועט דערעפענען דאָס נייע מיליאָן דאָלער ראָלאַנד טעאַטער.



שלום סעקונדאַ
קאָמפּאָזיטאָר און דירינגענט פון ‏דעם נייעם מיליאָן דאָלאַר ראָלאַנד טעאַטער.

פון נייגעריגקייט און דאָס איז ווי וועט בכלל מיכאַלעסקאָ אַריינלעבען זיך אין אַזאַ ראָל. ער, דער אָפּערעטען אַקטיאָר, וואָס האָט מיט אַ דאָנערשטאַג צוריק, צו זיין עהרען-אווענט, אַזוי חנ׳עוודיג, זינלאָז געשפּילט אין „דאָס אונגאַרישע מיידעל״ אַלס פּאַנפּאַציא. נאָך אַלעמען איז עס געוואַגט פון אַ יונגען אַקטיאָר אינמיטען דערינען אַריינפאַלען אין אַזאַ ראָל. סיידען ער מוז האָבען אַ סך זיכערקייט אין זיך.

און איך האָב זיך ניט ענטוישט. מיכאַלעסקאָ אין דער ראָל פון הערשעלע דובראָוונער האָט זיך איינגאַנצען באַפרייט פון זיינע אָפּערעטען-ראָלען, ער האָט זיך אַרויסגעלעבט פון זיי און האָט זיך אַריינגעלעבט אין דעם פרומען הערשעלע. מיכאַלעסקאָ׳ס הערשעלע איז געווען אַ פיינער, זיידענער יונגערמאַנטשיק, אַ מזג טוב. צום אָנפאַנג איז ער געווען אַביסעל צוטומעלט, אָבער עס איז גענוג געווען פאַר איהם בלויז עטליכע מינוט זיין אויף דער ביהנע ער זאָל זיך און די ביהנע באַהערשען.

דאָס וויל איך אייך אָנצייגען, אַז מיכאַלעסקאָ איז פיעלזייטיג, אַז ער האָט אַ נשמה, פאַנטאַזיע און פאָרשטעלונגס-קראַפט דאָס קען מען זעהן אַפילו אין די אָפּערעטקעס וועלכע ער שפּילט מיט אַזוי פיעל חן און האַרציגקייט.

זיין אויסערליך אויסזעהן, זיינע גרויסע פאַר׳חלומ׳טע אויגען, זיין אַנגענעהמע גוט-געשולטע באַריטאָן שטימע, זיין האַרציגער טאָן, זיינע אויסערגעוועהנליך פיינע מאַניערען מאַכען איהם פאַר אַן אינטערעסאַנטע ביהנע ערשיינונג. און ער איז אין ניו יאָרק, שפּעטער אין בראָנזוויל און לעצטענס אין שיקאַגאָ געוואָרען אַ „מאַטינע איידעל״, ווייל ער האַלט געשפּאַנט זיינע צושויער סיי מיט זיין שפּילען, סיי מיט זיין צויבערענדע פּערזענליכקייט.

מיכאַלעסקאָ קאָמבינירט אין זיך דעם מענש, דעם שוישפּילער, דעם רעזשיסאָר און דעם גוטען-ברודער. ער אַמוזירט ניט אין פּרובירט ניט שפּילען קיין טעאַטער אין לעבען, ער איז בלויז אַ שוישפּילער אויף דער ביהנע.

ביי אַלע ציוויליזירטע פעלקער, זיינען פאַראַן טעאַטערס פאַר דראַמאַ, פאַר קאָמעדיען, פאַר בורלעסק, און אַפילו אַ שאַנטאַן מעאַטער. נאָר מיר אידען ווילען דאָס ניט פאַרשטעהן, און מען „שרעקט״ אונז מיט קונסט און ליטעראַטור; אָפּט ווילען מיר אויסשרייען, ווי לאַנג נאָך וועט איהר זיין פּראָווינצלער? ! ווי לאַנג נאָך וועט איהר זיין בטלנים?

אין וויען, אין דעם סאַמע סענטער פון ביהנען קונסט, אין דער שטאָט וואו זאָנענטהאַל האָט געשפּילט „נאַטהאַן דער ווייזע״ פון לעסינג, און „וואַלערשטיינס לאַגער״ פון שילער, אָט דאָרט האָבען מיר אָפּערעטען טעאַטערע און פראַנץ לעהאַר׳ס „לוסטיגע וויטווע״ וועלכע אונזערע „מבינים״, אונזערע „קונסט-קענער״ אין אַמעריקאַ פאַרשרייען אַלס שונד, און שאַנד, האָבען די דייטשע צייטונגען, די דייטשע קריטיקער געלויבט ביז צו דער שפּראַך׳ס באַנקראָט. פאַרוואָס? פּשוט, ווייל זיי, די אמת׳ע קונסט-מבינים, ווייסען, אַז „נאַטהאַן דער ווייזע״ איז איין פאָרעם פון שוישפּיעל, און די מוזיקאַלישע קאָמעדיע אַ צווייטע. פּונקט ווי אַ מענש קען ניט זיין פון לויטער הענט, פון לויטער פיס, פון לויטער נאָז, פּונקט אַזוי קען ניט אַ ביהנע באַשטעהן בלויז פון דראַמען, דאָס וואָלט זיין צו מאָנאָטאָן, צו איינזייטיג, צו טויט. מיר, די אידען וואָס ווילען, אַז אונזער פאָלק זאָל לעבען, מיר וואָס ווילען דאָס אידישע טעאַטער זאָל זיין אַ קולטורעלער צענטער ביי אידען, מוזען פּראָפּאַגאַנדירען פאַר אַ פיעלפאַרביגקייט אויף דער אידישער ביהנע; מיר באַדאַרפען די אָפּערעטע, די לייכטע מוזיק, פּונקט ווי דאָס שווערע און דושנע שטיק „דער דבוק״.

מיכאַלעסקאָ וועט שפּילען אַן אָפּערעטקע, אָבער אַ רייכע, אַ פיינע, פול מיט הומאָר, פול מיט גוטער מוזיק און דער עולם וועט זיך אַמוזירען!

ווען מען זעהט מיכאַלעסקאָ׳ן אויף דער ביהנע קען זיך דוכטען, אַז איהר זיינט אין וויען, פּאַריז, אָדער בערלין און איהר זעהט אַ פיינעם אָפּערעטען שוישפּילער און זעהט איהר איהם אין אַ דראַמע, דאַן זעהט איהר פאַר זיך אַ גענייטען אַרטיסט, וואָס לעבט זיך איין אין זיין ראָל. אין דער אָפּערעטקע איז ער אַ הוליאַק, און פרעהליך מאַכער, און אין דער דראַמאַ איז ער דער ערנסטער קינסטלער.

יעקב קירשענבוים

# מיכאַל מיכאַלעסקאָ אַלס פּילזייטיגער שוישפּילער

(איניגע באַמערקונגען וועגען אַ שוישפּילער, וואָס פאַרדינט געלויבט צו ווערען)

מיכאַל מיכאַלעסקאָ איז דער אָפּערעטען-קעניג פון דער אידישער ביהנע, און אין דעם נייעם ראָלאַנד טעאַטער וועט ער קעניגען ווי גאָט האָט געבאָטען.

מיכאַלעסקאָ איז ערשט אַכט יאָהר אין אַמעריקאַ, ער האָט אָנגעהויבען זיין קאַריערע אַלס שוישפּילער מיט 20 יאָהר צוריק, און איז געקומען צו אונז מיט אַ גרויסען נאָמען אַלס פּיעלזייטיגער אַקטיאָר. ביי לייטען וואָלט אַזאַ שוישפּילער אַרויסגערופען באַוואונדערונג, ביי אונז אָבער באַגנוגענט מען זיך מיט אַ רעצענזיע, און מיט אַן אַרטיקעל דאָ און דאָרטען.

געבוירען אין ניקאָלאַיעוו, רוסלאַנד, און ערצויגען אין וואַרשאַ. אַליין אַ באַשיידענער מענש—אָבער אַן אימפּאָזאַנטע פיגור מיט אַ הערליכער ריינער שטים. ער איז אין אַמעריקאַ אויפגעטראָטען צום ערשטען מאָל אין נעשאָנאַל טעאַטער אין אַן אייראָפּעאישער אָפּערעטאַ („טשאַרדאַש פירסטין"), „דאָס אונגאַרישע מיידעל", און פון זיין ערשטען אויפטריט האָט מען גלייך דערזעהן מיכאַלעסקאָ דעם גראַציעזען טאַלאַנטירטען שוישפּילער מיט אַ סך חן און נאָך מעהר טאַקט און אויסגערעכענטקייט. ער איז גלייך געוואָרען דער ליעבלינג ביים אידישען טעאַטער, און אויף דעם צווייטען סעזאָן איז ער געוואָרען דער סטאַר און רעזשיסאָר פון סעקאָנד עוועניו טעאַטער. שפּעטער איז ער געוואָרען אַ פּאַרטנער מיט'ן איצטיגען דירעקטאָר פון דעם נייעם טעאַטער מר. וויליאַם ראָלאַנד פון דעם ליבערטי טעאַטער, וואו ער האָט פּשוט באַוויזען וואונדער אויפ-לעבענדיג דאָס ליבערטי טעאַטער, וועלכעס איז שטענדיג געווען אין אַ צרה'דיגער לאַגע.

מיט מיכאַלעסקאָ'ס אַריינקומען אין בראָנזווילער ליבערטי טעאַטער, איז בראָנזוויל פּשוט באַנייט געוואָרען, און דער עולם האָט אָנגעהויבען זעהן טעאַטער לויט'ן אייראָפּעאישען שניט, ווייל מיכאַלעסקאָ האָט אַ נייגונג צו שענערע און בעסערע אָפּערעטען בכלל און צו בעסערע פּיעסען בפרט.

ביים אידישען טעאַטער זיינען פאַראַן פאַרשיעדענע וואונדער. ביי אונז קומען גוישע מיטעלמעסיגקייטען און ווערען גרויסע אַר-טיסטען, ווייל מען „שרעקט" דעם עולם מיט דער גוי'שקייט. מען הערט למשל ווי אַ קריסטין רעדט אידיש, נו — שטוינען אידען, מען גאַפט, אַ קליינינגקייט! אָבער אין אמת'ן איז עס בלויז אַ קוריאָז אָבער ניט קיין ענטפּלעקונג.

און אָט אַזוי קוקענדיג אויף וואונדער, און זוכענדיג עפּעס אומ-נאַטירליכעס, פאַרזעהען מיר אונזערע אייגענע טאַלאַנטען, אונזערע אייגענע שוישפּילער, וועלכע מעגען מיט רעכט פאַרנעמען די מזרח-וואַנט פונ'ם אידישען טעאַטער. איינער פון אָט די ריזיגע שוי-שפּילערישע טאַלאַנטען איז דער יונגער מיכאַל מיכאַלעסקאָ, וועלכער האָט אויפגעשטורעמט גאַנץ ניו יאָרק מיט זיין חן, מיט זיין פּיעל-זייטיגען טאַלאַנט און די פיינע אייראָפּעאישע אָפּערעטקעס ווי „דאָס אונגאַריש מיידעל", און שפּעטער אין דער ראָלע פון יתר'ן אין „דער וואַנדערער". ער און רודאָלף שילדקרויט זיינען געווען דער געשפּרעך פון טאָג. שוין ניט רעדענדיג פון זיינע סענסאַציאָנעלע ערפאָלגען אין ליבערטי טעאַטער, ווי „סטודענטען ליעבע", „זיסע ליעבע", „דער גאָלדענער סאָלדאַט" און אַנדערע.

ווען מאָריס שוואַרץ האָט אויפגעפיהרט די סענסאַציאָנעלע אַנ—סקי פּיעסע, „דער דבוק", איז דאַן טאָמאַשעפסקי אַרויסגע-טראָטען מיט אַ צווייטער סענסאַציע „דער וואַנדערער", און מיכאַ-לעסקאָ און שילדקרויט האָבען געשפּיעלט די הויפּט ראָלען און קאָנקורירט מיט'ן „דבוק". אין אמת'ן איז מיכאַלעסקאָ'ס ראָלע געווען די גרעסטע און ער האָט געשפּיעלט מיט טעמפּעראַמענט און פיעל טאַקט דעם פאַרבלאָנזשעטען זוהן. ער איז באמת פול מיט לעבען, ער באַזיצט אַ סאָרט חן וועלכער שטעלט איהם אין די רייהען מיט דזשאַן באַרימאָר אָדער מיט דעם פאַרשטאָרבענעם רודאָלף וואַלענטינא פון דער מואווינג פּיקטשור וועלט.

מיכאַל מיכאַלעסקאָ איז מיט איניגע יאָהר צוריק געקומען פון וואַרשאַ מיט נאָך איניגע באַקאַנטע שוישפּילער און ער איז געבליבען דער „סטאַר" פון זיי, ער האָט זיך אויפגעהויבען הויך איבער אַלעמען צוליעב פיעלע אורזאַכען, הויפּטזעכליך אָבער ווייל ער איז פיעלזייטיג. ער זינגט אַזוי האַרציג, אַזוי אַנציהענד, אַז עס איז פּשוט אַ מחיה איהם צו הערען, און שפּיעלט ער אַ ראָמאַנטישען ליעבהאבער, דאַן זעהט איהר פאַר זיך אַ „ראָמעאָ" וועלכען נאָר אַ שעקספּיער האָט געקענט שילדערען.

דער שוישפּילער שאַפט די ראָל און די ראָל שאַפט איהם. אַ מזל'דיגער שידוך... אין אונזער טעאַטער זיינען מעהרסטענס פאַר-בונדען די פּיעסען, די ראָלען מיט די נעמען פון די אַלטע אַקטיאָרען וועלכע זיינען שוין ענטוועדער געשטאָרבען, אָדער זיי לעבען און זיינען צו אַלט צו שאַפען נייעס. אָט דיזע ראָלען מוזען איבערגע-שפּילט ווערען פון די יונגע אַקטיאָרען און זיי מוזען זיך אויס-קעמפען אַ פּלאַץ... עס פאַנגען זיך אָן פאַרגלייכונגען, און מען הויבט אָן דערצעהלען, אָט דער האָט די ראָלע אַזוי געשפּיעלט, און יענער האָט די ראָלע בעסער פאַרשטאַנען. אונזער יונגער שוישפּי-לער מיכאַלעסקאָ איז געקומען און איז אויפגעטראָטען אין נייע ראָלען, ער האָט אָבער אויך געשפּיעלט אַלטע ראָלען פון אַזעלכע שוישפּילער ווי דוד קעסלער און האָט גוט געמאַכט מיט אַלע פאַר-גלייכונגען.

כדי צו צייגען וואָס מיר קענען ערוואַרטען פון מיכאַל מיכאַ-לעסקאָ וועלען מיר פאַר די לעזער איבערגעבען אונזער איינדרוק פון מיכאַל מיכאַלעסקאָ אין הערשעלע דובראָוונער אין „גאָט, מענש און טייפעל".

מיר איז אינטערעסאַנט געווען צו זעהן דעם יונגען מיכאַלעסקאָ אין הערשעלע דובראָוונער, וואָס דער געניאַלער קעסלער האָט גע-שפּיעלט. און גראַד אין דעם פאַל בין איך געווען פריי אינגאַנצען פון די פּאַראַלעלען, ווייל מיך האָט באַהערשט אַן אַנדער געפיהל



מיכאַל מיכאַלעסקאָ
דירעקטאָר און סטאַר פון נייעם מיליאָן דאלאר ראָלאַנד טעאַטער

טעאַטער אין בראָנזוויל. זיין ערשטע זעלבסטשטענדיגע טעאַטער-טעטיגקייט איז אַלזאָ געווען בראָנזוויל און דערפאַר איז עס נאַטיר־ליך, אַז ווען ער האָט געהאַט די מעגליכקייט צו בויען אַן אייגען טעאַטער פאַר זיך, זאָל ער געוועזן אויסקלייבען בראָנזוויל, זיין „אלמא מאַטער“. ער האָט דאַן געבראַכט פון איירָאָפּאַ קלאַראַ יאָנג צו שפּילען אין ליבערטי טעאַטער און ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט די בראָנזווילער אידען געגעבען גוט אידיש טעאַטער.

אָבער איין יאָהר בלויז האָט ער געהאַט די מעגליכקייט אָנצו-פיהרען זיין טעטיגקייט אין בראָנזוויל, און ער האָט ווידער זיך פאַרבונדען מיט מאַקס גאַביל, דעם מאָל שוין אַלס מענעדזשער פון מאונט מאָרים טעאַטער. ווידער איין יאָר מיט גאַבלען און ווידער האָט ראָלאַנד דערפיהלט אַז ער דאַרף עפּעס אונטערנעהמען אויף זיין אייגען אחריות, און ער איז אַוועקגעפאָהרען קיין איירָאָפּאַ צו פאַרהאַנדלען מיט דער „ווילנער טרופּע“.

דער רעזולטאַט פון די דאָזיגע פאַרהאַנדלונגען איז געווען, אַז ער האָט, צוזאַמען מיט באָרים טאָמאַשעפסקי׳ן, די „ווילנער טרופּע“ אַראָפּגעבראַכט קיין אַמעריקאַ. אויף וויפיעל נישט ערפאָלגרייך די ווילנער זיינען נישט געווען אין אַמעריקאַ, איז עס דאָך איינע פון די וויכטיגסטע געשעהנישען אין דער אידישער טעאַטער-וועלט אין אַמעריקאַ. עס איז געווען צום ערשטען מאָל וואָס אַ גאַנצע אידישע טרופּע איז געקומען אַהער און האָט געשפּילט טעאַטער אויף אַן אַנדער אופן. די „ווילנער טרופּע“ האָט נישט רעוואָלוציאָניזירט די אידישע ביהנע אין אַמעריקאַ, זי האָט אָבער געבראַכט אַ פרישען שטראָם, אַ ניי ווינטעל, וואָס האָט דאָך איבערגעלאָזט אַן איינדרוק אויף אונזער טעאַטער.

דאָס ברייגנען פון דער „ווילנער טרופּע“ דאַרף פאַרשריבען ווערען אויף ראָלאַנד׳ס קאָנטאָ, און דער יונגער טעאַטער-אונטער-נעמער מעג מיט דעם שטאָלצירען, נישט קוקענדיג אויף דעם וואָס סוף-כל-סוף איז זיך די טרופּע צעפאַלען.

ראָלאַנד׳ס טעאַטער־היים איז אָבער געווען און איז געבליבען בראָנזוויל. ער האָט דאַן אָפּגעקויפט דאָס ליבערטי טעאַטער און אונטער דער דירעקציע פון מיכאַל מיכאַלעסקאָ געפיהרט דאָס טעאַטער צוויי יאָהר צייט. וועגען מיכאַלעסקאָ׳ן אַלס שוישפּילער איז אין דעם זשורנאַל דאָ אַ באַזונדער אַרטיקעל, און דאָ וועל איך דרך אגב זאָגען, אַז די צוויי יאָהר פון מיכאַלעסקאָ׳ס און ראָלאַנד׳ס טעאַטער-ממשלה אין בראָנזוויל, איז דאָרט דאָס אידישע טעאַטער דערהויבען געוואָרען אויף פיעל שטאַפּלען העכער. מיר געדענקען נאָך גוט די וואונדערבאַרע אויפפירונגען וואָס זיינען דאָרט געגעבען געוואָרען, דאָס אויסגעצייכענטע שפּילען פון די שוישפּילער און בכלל די ערנסטע באַציהונג פון׳ם מענעדזשמענט און דער דירעקציע צום טעאַטער. בראָנזוויל האָט דערפיהלט, אַז אידיש טעאַטער קען מען זעהן אויך אין דער היים און מען דאַרף בכלל ניט פאָהרען אין דער אַנדערער עק וועלט צוליב דעם.

נאָך די צוויי יאָהר האָט ראָלאַנד איבערגעגעבען דאָס ליבערטי טעאַטער אין אַנדערע הענט און איז אַליין געבליבען בלויז דער מענעדזשער. ער האָט אָבער נישט גערוהט ביז איהם האָט זיך ניט איינגעגעבען אויפצובויען דאָס איצטיגע פּרעכטיגע ראָלאַנד טעאַטער אויף סעינט דזשאָנס פּלעיס און איסטערן פּאַרקוויי, וואָס שטעהט אונטער דער קונסט-דירעקציע פון מיכאַל מיכאַלעסקאָ מיט אַ טרופּע פון די בעסטע אידישע אַקטיאָרען.

מיט דער דערעפענונג פון׳ם ראָלאַנד טעאַטער פּראַוועט וויליאַם ראָלאַנד אַ גרויסען יום-טוב, אָבער דער יום טוב איז נישט בלויז זיינער, נאָר דער אַלגעמיינער יום-טוב פון דער אידישער טעאַטער-וועלט און באַזונדערס פון דער בראָנזווילער אידישער באַפעלקערונג, וועלכע קען מיט שטאָלץ אָנצייגען, אַז אין די גרעניצען פון איהר שטאָט איז אויפגעבויט געוואָרען דער שענסטער אידישער טעאַטער. באַזונדערס וויכטיג איז עס אין היינטיגער צייט, ווען עס ווערען פאַרשפּרייט אַזוי פיעל פּעסימיסטישע קלאַנגען וועגען דער צוקונפט פון אידישען טעאַטער אין אַמעריקאַ.

דאָס נייע אידישע טעאַטער אין בראָנזוויל, וואָס איז אויפגע־בויט געוואָרען פון וויליאַם ראָלאַנד, איז אַ דערמונטערונג פאַר׳ן גאַנצען אידישען טעאַטער.

ע. ביכאווער

# וויליאם ראלאנד, דער פויער פון נייעם אידישען טעאטער אין בראנזוויל

וויליאם ראלאנד איז פיליכט דער אינגסטער פון די אידישע טעאטער-מענעדזשערס. מיר האבען נישט גענומען קיין צענזוס פון דער עלטער פון די מענעדזשערס, מעגליך אז אין יאהרען זענען דא אינגערע פון איהם, אבער אין ענערגיע און טעטיגקייט איז ער בארעכטיגט צו דער קרוין פון יונגשאפט צווישען די אידישע טעאטער-מענעדזשערס.

דער שלאנקער, ברונעטער יונגערמאן מיט די שפילעוודיגע אויגען, מיט די איידעלע געזיכטס-שטריכען און פיינעם ליעבליכען שמייכעל איז שוין נישט קיין פנים חדשות אין דער אידישער טעאטער-וועלט. ער איז געקומען צום אידישען טעאטער צוליעב זיין גרויסער ליעבע און איבערגעבענקייט צו דער ביהנע. ער האט פארבונדען זיין גורל מיט'ן גורל פון אידישען טעאטער, ווייל אנדערש האט ער נישט געקענט, ווייל נאר אין טעאטער לעבט ער זיך אויס, באפרידיגט ער זיינע נייגונגען. וויליאם ראלאנד איז דער טעאטער-מענש, וואס יעדער נערוו אין איהם איז טעאטער, כאטש אליין שפילט ער נישט אויף דער ביהנע און, וויפיעל מיר איז באקאנט, האט ער קיין פיעסען נישט געשריבען.

אין דער געשיכטע פון אידישען טעאטער אין אמעריקא וועט וויליאם ראלאנד'ס אויפטו, צו בויען א גרויס אידיש טעאטער אין בראנזוויל און אוועקצושטעלען דארט א טעאטער מיט די בעסטע שוישפילער און דראמאטורגישע קרעפטען, פארשריבען ווערען מיט גאלדענע אותיות. דער יונגערמאן האט געשאפען, ער האט א שטויס געטאן דאס אידישע טעאטער ווייט פאראויס, ער האט איינגענומען און באפעסטיגט א נייע טעאטער-פעסטונג און עס איז בכלל נישט נויטיג די ווייטע געשיכטע זאל דאס אבשאצען,—מיר, אין אונזערע טעג, וועלען אליין קענען זעהן די גרויסע וויכטיגקייט פון זיין ארבעט.

ראלאנד'ס לעבענסגעשיכטע איז אן אינטערעסאנט קאפיטעל און עס איז כדאי צו באקענען זיך מיט איהר.

געבוירען איז ראלאנד אין וויטעבסק, רוסלאנד, אין יאהר 1885. ער האט געקראגען א גוטע אידישע דערציהונג, אבער צו דערזעלבער צייט האט ער אויך פיעל געלערענט רוסיש, געלעבט מיט דער רוסישער ליטעראטור און, ווען ער איז אין 1903, אלס 18-יאריגער בחור'ל, געקומען קיין אמעריקא, איז ער שוין געווען א פארטיגער אידיש-רוסישער אינטעליגענט, אידעאליסטיש געשטימט, מיט נייגונגען צום טעאטער. אין די יאהרען 1905 - 1906 איז ער געווען א מיטגליד פון פראגרעסיוו-דראמאטיק קלוב, וועלכער איז געשטאנען אונטער דער פיהרערשאפט פון דעם באקאנטען אידישען זשורנאליסט און טעאטער-טוער יואל ענטין. ער איז געווען א טעטיגער מיטגליד אין דעם קלוב, פון וואנעט עס זיינען ארויסגעקומען עטליכע בעסערע אידישע אקטיארען.

צום סוף פון 1906 איז ראלאנד צוריקגעפאהרען קיין רוסלאנד צו זעהן זיך מיט זיינע עלטערען און שטעלען זיך צום פריזיוו. דורך דער קורצער צייט וואס ער איז געווען אין וויטעבסק, האט ער זיך פארבונדען מיט דער דארטיגער דראמאטישער גרופע און האט געשפיעלט אין דעם שטאטישען טעאטער אין פינסקי'ס „פאמיליע צבי" די ראל פון משה מגיד. די פיעסע איז רעזשיסירט געווארען פון דעם פארשטארבענעם בארימטען דראמאטורג ש. אנ—סקי (שלמה ראפאפארט), דעם מחבר פון „דיבוק". דרך אגב איז דער פארשטארבענער אנ—סקי געווען ראלאנד'ס נאהענטער פריינט און ער האט פון איהם זעהר שטארק געהאלטען. עס איז כאראקטעריסטיש פאר ראלאנד'ס אידעאליזם: געקומען אהיים אויף א קורצער צייט. אין וויטעבסק איז דעמאלסט אנגעגאנגען א הייסער וואהל-קאמף. דר. חיים זשיטלאווסקי'ס קאנדידאטור איז ארויסגעשטעלט געווארען פון די רעוואלוציאנערע קרייזען, וועלכע האבען איהם געוואלט האבען אין דער גאסודארסטווענע דומא. ראלאנד נוצט אויס זיין צייט צו העלפען אין קאמף. די פארשטעלונג, וועגען וועלכער מיר האבען פריהער דערמאנט, איז טאקע געגעבען געווארען לטובת דעם וואהל-פאנד.

אין דעמזעלבען יאהר איז ראלאנד צוריקגעקומען קיין אמעריקא. ער האט אנגעהויבען צו זארגען פאר פרנסה, און ער האט זיך געווארפען אויף אלע זייטען. ער איז געווען א סיילסמאן, אן אינשורענס אגענט און נאך א סך אנדערע פרנסות האט ער געהאט. ער האט אבער די גאנצע צייט נישט איבערגעריסען מיט'ן אידישען טעאטער, געווען אן אפטער אריינגעהער אין די טעאטערס און א מחותן הינטער די קוליסען. אין דער טעאטער וועלט האט מען ראלאנד'ן געקענט און, ווען מאקס געביל האט איבערגענומען דאס ליפצין טעאטער, האט ער איהם אנגעשטעלט אלס קאסירער. מיט געבלען איז ער געווען 5 יאהר. די דאזיגע צייט איז געווען פאר איהם א גוטע טעאטער-שול, ער האט זיך באקענט מיט אלע זייטען פון די ביזנעס און, ווען געביל איז אוועק אין מאונט מארים טעאטער אין הארלעם, האט ראלאנד איבערגענומען דאס ליבערטי



**וויליאַם ראָלאַנד**

דזשענעראַל־מענעדזשער און בויער פון נייעם מיליאָן דאלאר ראָלאַנד טעאַטער




דער נייער מיליאן דאלאר ראלאנד טעאטער

איסטערן פארקוועי און סט. דזשאהנס פלייס, ברוקלין, נ. י.

# אַ ניי מיליאָן דאָלאַר אידיש טעאַטער אין בראָנזוויל

מיר באַגריסען די אידען פון בראָנזוויל מיט דער נייער פּרעכטיגער קולטור-אינסטיטוציע—דעם ראָלאַנד טעאַטער.

אין אַ קריטישער, אָבער אינטערעסאַנטער צייט עפענען מיר דאָס נייע אידישע טעאַטער אינ'ם האַרץ פון אידישען ניו יאָרק. מיר ווייסען, אַז נישט בלויז טעאַטער-מענשען, נאָר אויך דער געוועהנ-ליכער עולם וועט זיך וואונדערען: אין אַזאַ צייט אַ ניי אידיש טעאַטער? מיר זיינען אָבער דורכגעדרונגען מיט דער איבערציי-גונג, אַז דאָס אידישע טעאַטער אין אַמעריקאַ לעבט איבער בלויז אַ צייטווייליגען קריזיס, אָבער נישט קיין שטענדיגען. מיר גלויבען, אַז די אידישע ביהנע דאָ אין לאַנד האָט אַ גלענצענדע צוקונפט און דערפאַר טרעטען מיר צו צו דער נייער ריעזיגער אונטערנעמונג מיט האָפנונגען און מוטה און מיר זיינען גרייט אַוועקצולייגען אונזער גאַנצע ענערגיע צו דערהויבען דאָס נייע טעאַטער צו אַ הויכער שטופע.

דער היינטיגער טאָג, ווען דאָס נייע טעאַטער ווערט דערעפענט, איז נישט נאָר אונזער יום-טוב, נאָר דער יום-טוב פון אידישען טעאַטער בכלל און פון די אידען אין בראָנזוויל בפרט. מיט'ן ראָלאַנד טעאַטער ווערט באַפעסטיגט די פּאָזיציע פון אידישען טעאַטער אין בראָנזוויל, וואָס קיין שטורעם וועט עס שוין נישט קענען אַרויסרייסען.

פאַר די אידען פון בראָנזוויל און איסט ניו יאָרק איז דער יום-טוב זעהר גרויס, ווייל מיט דער דערעפענונג פונ'ם ראָלאַנד טעאַטער ווערט דאָס שעהנע אידישע טעאַטער געבראַכט צו זיי אַהיים, און זיי ווערען גלייכע יחסנים מיט ניו יאָרק.

מיר גיבען היינט איבער די אידען פון בראָנזוויל אונזער שענסטען חלום — אַ אידיש טעאַטער, געבויט אויפ'ן ברייטען פאַרנעהם, ווי די מאָדערנסטע טעאַטערס אויף בראָדוויי זיינען געבויט. מיר פאַרזיכערען דעם טעאַטער-געהענדיגען עולם, אַז נישט בלויז וועט זיך די פּאָליסי פון אונזער טעאַטער אויסגעדריקט ווערען אין די שעהנע ווענט, באַקוועמע זיצפּלעצער, לוקסוריעזע לאָבים און דער וואונדערבאַרער אַקוסטיק, נאָר נאָכמעהר—אין די אויפפיהרונגען און אינ'ם אַרטיסטישען גייסט.

דאָס ראָלאַנד טעאַטער עפענט זיינע טירען פאַר'ן אידישען עולם און גיט איבער דער ברייטער עפענטליכקייט די קרוין פון דער מיה, וואָס איז אַוועקגעלייגט געוואָרען צו שטאַנד צו ברענגען אַזאַ וואונדערבאַרע אינסטיטוציע.

לאָמיר זיך ווינשען מזל-טוב איינער דעם אַנדערען, און לאָמיר האָפען, אַז מיר וועלען זיך באַגעגענען מיט דער האַרציגסטער פרייד און דאַנקבאַרקייט.

דאָס ראָלאַנד טעאַטער איז אייערס. מיר האָבען דעם בנין אויפגעבויט, איהר דאַרפט איהם באַפעסטיגען ער זאָל האָבען אַן אייביגען קיום.

ראָלאַנד טעאַטער.
וויליאַם ראָלאַנד, מענעדזשער.
מיכאַל מיכאַלעסקאָ, דירעקטאָר.

# חנוכת הבית

## און ערעפענונג פון

# ראָלאנד טעאטער

„דאָס נייע מיליאָן דאלאר אידיש טעאטער"

איסטערן פּאַרקוויי און סעינט דזשאהנ'ס פּלייס
ברוקלין, נ. י.

סעפּטעמבער
1928

(פּראָגראַם פון „דאָס ליעד פון ליבע" אויף זייט 22)

טריאָ פּרעס אינק., 28-30 איסט 4טע סטריט, ניו יאָרק
ALLIED PRINTING TRADES UNION LABEL COUNCIL NEW YORK CITY 266

